# וויא מיר קענען זיך העלפען

## א לאגישע לעזונג פון די אידישע פראגע

אדרעסירט צו אללע אידען

פון

אברהם שאמער
(שייקעדיטש)

---

,,לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אמר ה' צבאות''. (זכריה ד. 6).

---

נויארק.
1906.

אינהאלט:



פרייז 2 סענט.

The Friedman Print,
Bowery cor. Rivington, New York.

דיעזעס ווערק איז געווידמעט
צו מיין ליעבע מוטער,
א וואהרע אידישע פרוי
מיט וואהרע אידישע אידעאלען.

# פאָרוואָרט.

איך ווייס פאָראויס, אז ניט אַלע אידען וועלען זיין איינפערשטאַנדען מיט דיא מיינונגען און פּלאַן, וועלכע דיעזעס ווערק ענטהאַלט.

דער אונוויסענדער איד, דער שרעקעדיגער איד, דער עגאָאיסטישער איד, דער פוילער איד און דער איד, וועלכער שעהמט זיך מיטן יודענטהום — דיא וועלען אָבלייקענען אַלעס און וועלען זאָגען, אז מען קען גאָר ניט טאָהן און אז מען דאַרף גאָר ניט טאָהן דיא אידישע לאַגע צו פערבעסערען; אָבער אַזעלכע אידען איז אימער גלייכער גאָר ניט צו ענטפערען און לאָזען זיי געהן מיט דער צייט, וועלכע וועט זיי דיא ריכטיגקייט צייגען.

דיזע שריפט אַפּעלירט צו דעם פערשטאַנד און דאָס הארץ פון דעם אינטעליגענטען, פיינעם, מוטהיגען און אויפריכטיגען אידען, וועלכער בעזיצט און זיך דעם ריינעם אידישען גייסט און וועלכער מיינט ערנסט און וויל דיא „אידישע פראַגע“ לעזען. נור אויף אַזעלכע אידען האָפט און וואַרט דאָס יודענטהום און נור אַזעלכע אידען וועלען איין ענדע מאַכען צו דעם אידישען גלות.

דיא אידעע און פּלאַן וועלכען איך גיב דאָ אָן אום דיא „אידישע פראַגע“ אויפצולעזען, איז מיר אויפ׳ן געדאַנק געקומען נאָך מיט א יאָהר צוריק, און איך האָב נאָך דיא געלעגענהייט געהאַט עס מיטצוטהיילען און זיך בעראַטהען מיט מיין זעליגען פאַטער, וועלכער האַט אַלס איד זאָ פיעל געלייסטעט פאַר זיין פאָלק און וועלכער איז געוועזען א נאַציאָנאַליסט אין פאָלען זינען פון וואָרט. ווען מיר האָבען דאַן וועגען דעם גערעדט האָט דער פאָטער מיר צוגעגעבען מוטה

מיט זיין איינשטימונג אז דיא אידעע איז א גוטע.

א יאהר איז שוין פאראיבער און איך האב אלץ דיא געלעגענהייט ניט געהאט פאר דאס פאלק מיין אידעע צו ברענגען, אבוואהל איך האב מיט פיעלע געלעהרטע אידען דאריבער גערעדט און אויך זיי האבען צעגעגעבען אז מיין פלאן איז א ריכטיגער.

יעצט איז אבער געקומען דיא צייט, און מיט'ן פאלען הארצען לייג איך דעם פלאן פאר מיינע ברידער און שוועסטער.

איך האף אז דער לעזער וועט זיך מערקען, אז דיעזע בראשורע איז ניט ארויסגעגעבען צוליעב א ביזנעס צוועק. דער פרייז איז קוים גענוג צו דעקען דיא אויסגאבען פון דרוק און פאפיער וויא אויך פאר דעם פערקויפער'ס מיהע דאס צו פערשפרייטען. דער איינציגער און וואהרער וואונש איז נור דעם אידען אויפמערקזאם צו מאכען, ערקלעהרען און איהם צייגען דעם וועג וויא דיא „אי־דישע פראגע" צו לעזען.

מיט גרויסע האפנונגען, אז דיא אידען וועלען מיט ענטהוזיאזם און פאלל ענערגי זיך נעהמען צו דער ארבייט, און בערייט מיט זיי צוזאמען ארבייטען טאג און נאכט פאר דעם אידען'ס הילפע, פערבלייבט פול ערווארטונג און

נויארק, מיט ברודער גערוס,

סעפטעמבער 1906. דער פערפאסער.



## 1

# דער האַס געגען אידען.

אַבוואָהל דיא וועלט פּראָגרעסירט און דיא מענשהייט ווערט וואָס וויי־טער אַלץ מעהר ענטוויקעלט, דאָך קענען מיר ניט איינזעהן, אַז דעם אידען'ס צוקונפט וועט זיין פריי פון פערפאָלגונגען און האַס.

דיא וועלט איז שוין מיט צוויי טויזענד יאָהר עלטער זייט דער איד האָט זיין לאַנד פערלאָרען און איז אין גלות. אין דיא צוויי טויזענד יאָהר האָט דיא מענשהייט גרויסע פאָרטשריטע געמאַכט אין אַלעס, אָבער ניט אין אויפגעבען דיא אַנטיפּאַטיע און האַס געגען דעם אידען. דאָס איז געוועזען און איז געבליבען דאָס זעלבע. און סיי אין דיא לענדער, וועלכע האָבען וועניג פּראָגרעסירט, און סיי אין דיא לענדער, וועלכע שטעהען אויף דער שפּיטצע פון הומאַניטעט און פרייהייט — דער האַס געגען דעם עלענדען אידען איז דערזעלבער און איבעראַל צייגט מען עס גאַנץ פריי אַרויס.

פיעלע אידען ווילען זיך און אַנדערע מיט גוואַלד איינריידען, אַז עס זיינען שוין דאָ אַזעלכע נאַציאָנען, וועלכע האָבען ליעב דעם אידען און בעטראַכ־טען איהם אַלס ברודער; אָבער אין וואָס פאַר אַ מיאוס'ן טעות זיי לעבען! עס זיינען ניטאָ אַזעלכע נאַציאָנען! און מעגען זיין נאַציאָנען, וואָס זיינען אין קיין הינזיכט גלייך איינער צום אַנדערן — אין דעם איין הינזיכט, אָבער, צו האַסען און צו אונטערדריקען דעם אידען זיינען זיי אַלע איינשטימיג, און דיא אידען, וואָס ווילען זיך אַליין אַבנאַרען בלייבען גענאַרט אַזוי לאַנג, ביז אין אַ שעהנעם טאָג איבערפאַלט מען זייערע הייזער, מען בערויבט זייער אייגענטהום, מען שענדעט זייערע פרויען און טעכטער און מען טויטעט זייערע קינדער — דאַן, אויב זיי

**אליין בלייבען לעבען, בשווינען זיי זייער בראָך און זיינען זיך מודה אין זייער טעות.**

דער אידענהאַס איז ביי דיא פעלקער איין אלטע כראָנישע קראַנקהייט, פון וועלכע מען קען זיי ניט אויסקורירען מיט גאָר־ניט טאָהן. וויא דער איד איז געווען און וויא ער איז געפעהלט ער ניט און מען פערהאַסט איהם. איז א איד רייך, שרייט מען, אז דיא אידען זיינען דיא בלוטזויגער פון פאָלק, אז זיי נעהמען אלעס צו, אז זיי זיינען פאַראַזיטען, אונמענשען; איז א איד אָרעם ליאַרעמט מען אז אידען זיינען שנאָרער וואָס ווילען ניט ארבייטען, און זיינען א פלוך פאַר דאָס לאַנד. איז א איד אזוי א קויפמאַן, שרייט מען, אז ער איז א שווינדלער, א בעטריעגער און גלאַט אזוי א נידעריגער מענש, וועלכען מען דאַרף ניט דולדען. קורץ, מען געפינט שוין פעהלער און דער האַס ברעכט אויס אין פערפאָלגונגען. עס פאַנגט אָן ארויסצוקומען א „אידען פראַגע.“ מען הויבט אָן פרעגען: „וואָס זאָל מען טאָהן מיט דעם אידען?“ ביסלעכווייז הויבען אָן צו ערשיינען גזועטצע געגען אידען: „מיט דאָס דאַרף א איד ניט האַנדלען,“ „דאָרט דאַרף ער ניט זיין“ „אהין דאַרף ער ניט קומען.“ אזוי געהט זיך עס ביז עס קומט אויס, אז א איד טאָר ניט לעבען אויף דער וועלט. ענדליך קומט עס דאַצו, אז מען הערט איהם אויף גאָר אין גאַנצען צו בעטראַכטען אלס א מענש מיט רעכטע, און דאַן קומען דיא פּאָגראָמען מיט אלע ווילדקייטען און גרויזאַמקייטען. עס ווערט פון רעסט־ווענען א שטיקעל קאָך אין דער וועלט: מאַנכע הויבען אויף זייערע שטימען און זאָגען, אז עס איז ניט שעהן מען זאָל אונשולדיגע מענשען אזוי בעהאַנדלען; דיא אידען הויבען אָן צו זאַמלען געלד אויף העלפען דיא יתומים און פעראונ־גליקטע; דאַן, געהט דער טומעל ביסלעכווייז פאָריבער, אלע, וויא מען זאָגט, האָבען יוצא געווען און אלעס ווערט רוהיג. אזוי האָט עס שוין פאַסירט מיט אידען א סך מאָל און יעדעס מאָל שלינגט מען ארונטער דיא פּאָגראָמען און מערדערייען און מען שלאָפט זיך ווייטער רוהיג ביז עס קומען נייע גזרות און נייע פּאָגראָמען אויף אידען.

**אָבער אין דער לעצטער צייט האָט עטוואָס פּאַסירט, וואָס האָט דעם**

אידען ענדליך געדארפט ברענגען צו בעזינונג און איהם אויפמונטערען עטוואס צו טאָהן.

דאָס, וואָס האָט פאסירט האָט ניט פאסירט אין רוסלאַנד, ניין, דאָס האָט געטראָפען אין דיא צוויי פאָרטגעשריטענע פרייהייטס־לענדער, ענגלאַנד און אַמעריקאַ.

אין דער צייט ווען אידישעס בלוט האָט זיך געגאָסען וויא וואסער אין דער פינסטערער רוסלאנד, אין דער צייט ווען דיא צייטונגען האָבען טאָג טעגליך געבראכט דיא שוידערהאַפטע נייעס, אז מען האָט אלטע אידען מיט העק צוהאַקט, מיט קעראסין בעגאָסען און אָנגעצונדען; אין דער צייט ווען מען האָט קליינע אונשולדיגע אידישע קינדער פון פענסטער געוואָרפען און צושמעטערט אויף שטיינער; אין דער צייט ווען מען האָט געהערט אז פרויען ווערען געשענדעט, אָנדערע צוגליעדערט, בייכער געשפּאָלטען און מיט פעדערען געשטאָפּט; אין דער צייט ווען מיר האָבען געלעזען, אז אין דיא גאַסען פון רוסישע שטעדט לויפען ארום יונגע אידישע קינדער וואהנזיניג פון שרעק און אַנגסט און נאָך זיי פליהען קאָזאקען מיט נאגייקעס און פערשמייסען זיי צום טויט, — אין דער שרעקליכע צייט האָבען גרויסע לייט, פאָרשטעהער פון דיא ליבעראַלע ענגלאַנד און אַמעריקאַ געפלאַנט געזעטצע—ניט צו טאָהן עטוואס פאר דעם יודען נור נעגען איהם. מען האָט גאָר אָנגעפאַנגען צו ריידען וועגען ניט אריינלאָזען אידען; אין דער זעלבער צייט זיינען געווען פעררופען גרויסע קאָנפערענצען וועגען פאר־מאכען דיא טהירען פון דיא ביידע •אָרטגעשריטענע לענדער, און עס האָט ווייט ניט געפעהלט, אז מען זאָל אויף איין אמת פערשליעסען דיא טויערען פון ענג־לאַנד און אַמעריקאַ פאר דיא אונגליקליכע אידען, וועלכע זיינען קוים מיט'ן לעבען ארויס פון דיא מערדערישע הענד פון דיא „שווארצע הונדערטער.“

ווען דאָס האָט געקענט זיין, ווען דאָס האָט געקענט פאסירען, אויף וואָס און אויף וועמען קען דער איד האָפען? אויף ענגלאַנד? אויף אַמעריקאַ? און גראדע אויף אין דערזעלבער צייט זיינען ערשיענען ארטיקלען פון זאַנגנאַנטע

פריעסטער און אַנדערע אַנטיסעמיטען אין וועלכע מען האָט איינפאַך געזאָגט, אַז אידען זיינען אַ קללה אויף דער שטאָדט און דאָס לאַנד וואו זיי וואָהנען, און אַז דאָס געזעטץ און דיא רעגיערונג (מיינענדיג דאָס געזעטץ און רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען) זיינען ניט שטארק גענוג איינצוהאלטען אַ פאָלק, וועלכע האסט און פערדאמט אונגעווינשטע געסט. און דאביי האָט מען דיא אידען אַנגערופען שווינדלער, בעטריעגער, אונטערצינדער, און נאָך און נאָך אַזעלכע נעמען.

דיעזע טרויעריגע פאקטען זיינען גענוג דעם אידען צו איבערצייגען וואָס ער קען מיט דער צייט ערווארטען אויף אין דיא זאָגענאנטע פרייהייטס־לענדער.

מיר דארפען געדענקען, דאָס דיא אונטערדריקונגען פון אידען פלעגען זיך אימער אָנגעפאנגען דאמיט, וואָס אַ לאַנד פלעגט אָנהויבען צו זאָגען, אַז זיא האָט שוין גענוג אידען און וויל ניט מעהר. דאָס איז אימער געוועזען דער אָנפאַנג, און דאַן קומען דיא פראגען וועגען דיא אידען וואָס זיינען דאָ. ביסלעכוויז ענט־וויקלען זיך בעגרענצונגען געגען אידען ביז דיא אַלטע געשיכטען פון אונטער־דריקונגען און פערפאָלגונגען ווידערהאָלען זיך.

ווער עס מיינט צו זאָגען, אַז עס גיעבט אַ לאַנד און אַ נאַציאָן, אין וועלכע דער איד איז אויף אימער געזיכערט מיט זיין לעבען, מיט זיין פערמעגען, דער ווייסט ניט וואָס ער רעדט.

אויף ועמען קענען מיר האָפען אויף הילפע? וועלכע נאַציאָן וועט דעם אידען העלפען זיין לאגע צו פערבעסערען? עס גיעבט יא איין נאַציאָן וועלכע קען אונז העלפען, און דאָס איז אונזער אייגענעם פאָלק, אונזער אייגענע נאַציאָן. מיר אַליין קענען זיך העלפען און מיר וועלען זיך העלפען, ווייל מיר מוזען זיך העלפען.

דיא צייט איז געקומען ווען מיר דארפען אָנפאנגען צו טאָהן, ווען מיר דארפען ניט מעהר דרעמלען און זיך פערלאָזען אויף נסים. גאָט העלפט ניט דעם

וואָס העלפט זיך ניט אליין און וויל זיך אליין ניט העלפען. מיר זעהען איין, אויב אונזערע אויגען זיינען אָפען, אז דער אלטער האס געגען אידען עקזיסטירט און וועט אימער איבעראל עקזיסטירען, אויב מיר וועלען גאָר ניט טאָהן דעם האס און פעראכטונג געגען אונז אידען צו פערניכטען.

מיר מוזען אלזאָ געהן צו ווערק. עס איז דאָ א וועג, עס איז דאָ א פּלאַן, וועלכער קאן עס טאָהן און וועלכען מען קען דורכפיהרען. דער פּלאַן איז ניט קיין שווערער און אלע קלאסען אידען פון אלע לענדער קענען בעהויפּטען דעם פּלאַן אנצונעהמען און דורכזועצען.

בעפאָר אָבער מיר דיסקוטירען דעם פּלאַן מוזען מיר ביי זיך אליין פעסט שטעלען וואָס מיר זיינען און וואָס מיר ווילען. ווייל עס זיינען פאראַן פיעלע אידען וועלכע ווייסען ניט וואָס דיא אידען זיינען, וואָס זייער נאציאָן איז און וואָס דיא אידישע נאציאָן וויל.

---

.2

## וואָס זיינען מיר ?

---

וואָס זיינען מיר ? פרעגען פיעלע אידען און קענען קיין אנטוואָרט בעקומען. מאנכע בעהויפּטען, אז מיר זיינען נור א רעליגיעזע סעקטע ; מאנכע זאָגען, אז מיר זיינען א ראסע, און אנדערע זאָגען, אז מיר זיינען א פאָלק, א נאציאָן.

וואָס זיינען מיר ?

מיר זיינען א נאציאָן, דיא אידישע נאציאָן, און מיר קענען דאָס בעווייזען.

וואָס איז א נאציאָן ?

בילדעט רעליגיאָן אוים פון מענשען א נאציאָן? ווערט א נאציאָן בע־שאפען דורך דעם, וואָס מענשען האָבען איין גלויבען? דיא פערשיעדענע פעלקער וועלכע מיר זעהען פאר אונז ווייזען אונז, אז עס איז ניט אזוי. מיר זעהען, צום ביישפיעל, רוסלאנד, דייטשלאנד, פראנקרייך, ענגלאנד, אמעריקא, א. ז. וו., וועלכע זיינען פערשיעדענע נאציאָנען און דאָך האָבען זיי דעם קריסטליכען גלויבען, דיא קריסטליכע רעליגיאָן. דער ענגלישער קריסט האָט גאָר ניט צו טאָהן מיט דעם דייטשען קריסט, אויסער דעם וואָס זייער גלויבען איז דערזעלבער. מיר זעהען אויך, אז א נאציאָן קען זיין צוזאמענגעשטעלט פון מענשען פון פערשידענע רעליגיאָנען. אמעריקא, צום ביישפיעל, איז א נאציאָן און איהרע איינוואָהנער האָבען פערשיעדענע גלויבענס. מיר וועלען צוגעבען אז א רעליגיאָן איז איין עלע־מענט, וועלכער העלפט אויפצובוין א נאציאָן, אָבער דאָס איז ניט אלעס.

מאנכע זאָגען, אז אידען זיינען ניט קיין נאציאָן, ווייל זיי האָבען ניט איין שפראכע וועלכע איז זייערע. דיא אידען אָבער האָבען א שפראכע געהאט, דיא העברעאישע שפראכע, אָבער זיי האָבען זיא פערלאָרען. און היינט בענוצען דיא אידען דיא שפראכען פון דיא פערשיעדענע לענדער, אין וועלכע זיי וואָהנען.

צו ענטפערען אויף דעם וויל איך בעמערקען, אז א שפראכע איז ניט אלעס, וואָס מאכט א נאציאָן; א שפראכע איז זעהר א וויכטיגער עלעמענט, מיטגלידער פון איין פאָלק דארפען האָבען איין שפראך, אין וועלכע זיי זאָלען קע־נען איינער דעם אנדערן פערשטעהן, אָבער איין שפראך צווישען מענשען מאכט זיי ניט פאר א נאציאָן. ערשטענס קענען מענשען בעזיצען עטליכע שפראכען; קענען מיר דען זאָגען, אז דערפאר, וואָס איינער קען פראנצויז, דייטש און רוסיש, אז ער איז אי א פראנצויז, אי א דייטש אי א רוסע, אז ער בעלאנגט צו דיעזע פערשיעדענע נאציאָנען? אין רוסלאנד בענוצט דיא אריסטאָקראטיע פראנצויז, זאָגאר דיא רעגיערונג דאָרט בענוצט אָפט פראנצויזיש אין וויכטיגע שטאאטס־דאָקומענטען, פון דעסטוועגען בלייבען זיי רוסען. אין ענגלאנד און אין אמעריקא בענוצען דיא פעלקער דיא ענגלישע שפראך און פון דעסטוועגען זיינען זיי בע־זאָנדערע נאציאָנען. אויך זעהען מיר אין איין נאציאָן בענוטצען מענשען פער־

שיעדענע שפראכען און זיינען דאך איין נאציאן. אין רוסלאנד אליין געפינען מיר רוסיש, סלאוויש און מאלארוסיש, וועלכע זיינע זהיבש פערשיעדען, דאך זיינען זיי אלע רוסען. דער בעסטער בעווייז דאס דיא שפראכע איז ניט פון דיא גאנץ וויכטיגע עלעמענטען—איז דאס וואס אבוואהל דיא אידען פון דיא פערשיעדענע לענדער ריידען דיא שפראכען פון דארט און דיא מעהרסטע קענען ניט קיין העב־רעאיש, דאך רופט מען זיי אידען, ווייל זיי זיינען אידען און ווייל זיי ווייסען אז זיי זיינען אידען. מיר דארפען אויך ניט פערגעסען, אז אידען האבען זיך געמאכט א שפראך — דיא גלות שפראך — דיא שפראך, אין וועלכע דיעזעס ווערק איז געשריעבען, און דאס איז דאך א פאקט אז דער גרעסטער טהייל אידען פער־שטעהט זיא.

פיעלע בעהויפטען, אז מיר זיינען ניט קיין נאציאן, ווייל מיר האבען ניט קיין אייגענע קולטור, א אידישע קולטור וויא אלע אנדערע נאציאנען האבען.

צו בעאנטווארטען דאס קענען מיר אויפווייזען, אז אידען האבען יא א קולטור, א אידישע קולטור, א גרויסע קולטור.

וואס איז קולטור?

דאס איז דיא ליטעראטור, קונסט, פילאזאפיע און וויסענשאפט, וועלכע א פאלק ברענגט ארויס אלס א נאציאן.

דיא אידישע נאציאן האט ארויסגעבראכט דיא אלע זאכען און זיא האט עס יעצט אויך.

אונזער קולטור איז דיא גרעסטע פון וועלכע אלע אנדערע פעלקער האבען געשעפט: אונזער ביבל, אונזער תלמוד — זיי זיינען אונזערע. מיר האבען אויך א רייכע ליטעראטור אין בעלעטריסטיק, פילאזאפיע און וויסענשאפט אין אונ־זער העברעאישער שפראך און אין אונזער גלות־שפראך. מיר האבען אויך אונזערע מוזיק, אונזערע קונסט, א. ז. וו. עס איז וואהר אז מיר האבען

א סך פערלאָרען, ווייל ווען א איד שרייבט אין אנדערע שפּראכען, אָדער ענט־וויקעלט קונסט אין אלגעמיין צווישען דיא פעלקער, ווערען זיינע ווערק פעררע־כענט און פערשלונגען אין דיא קולטורען פון דיא נאציאָנען צווישען וועלכע ער שאפט; אָבער דאָך איז אונזער קולטור געשטיגען און דאָס איז א פאקט, אז אפילו אין גלות איז דיא אידישע קולטור ענטוויקעלט.

אָבער וויא זיינען אידען א נאציאָן אז זיי האָבען ניט קיין טעררימאָריום, קיין לאנד? פרעגען פיעלע און זאָגען, אז וויבאלד אידען האָבען קיין לאנד זיינען זיי דערפאר קיין נאציאָן ניט.

יא, מיר האָבען ניט קיין טעררימאָריום, קיין לאנד, אָבער א נאציאָן זייי־נען מיר פאָרט. דער בעסטער בעוויין איז, אז מיר לעבען אלס אידען און עקסיס־טירען אלס אידען. א לאנד איז וויכטיג, א טעררימאָריום איז נעטהיג פאר א נאציאָן; מיר דארפען אויך שטרעבען דאָס צו האָבען, אָבער אָהן א לאנד זיינען מיר אויך א נאציאָן. מיר האָבען בעוויעזען, אז מיר קענען לעבען אין יעדען קלימאט און דאָך בלייבען דיא זעלבע; מיר האָבען איבערצייגט, אז מיר קענען לעבען אין פערשיעדענע לענדער און דאָך בלייבען אידען; מיר האָבען עטאבלירט דעם פאקט, אז מיר קענען וואָהנען צווישען פערשיעדענע פעלקער און נאציאָנען און דאָך בלייבען אידען, און מיר האָבען פעסט געשטעלט, אז א נאציאָן קען לעבען אָהן א לאנד.

אלזאָ, וויבאלד אז א לאנד האלט ניט אויף קיין נאציאָן, רעליגיאָן האלט ניט קיין נאציאָן, וואָס דען מאכט יא און האלט אויף א נאציאָן?

דאָס אלעס, וואָס מיר האָבען אויסגערעכענט זיינען וויכטיגע עלעמענטען פון א נאציאָן, דער וויכטיגסטער אָבער, דער הויפט עלעמענט, דיא ריכטיגע זאך וואָס בילדעט אויס פון מענשען א נאציאָן זיינען דיא אלגעמיינע ליידען און פריידען, דיא אלגעמיינע שטרעבונגען און אידעאלען, דיא אלגעמיינע שטרייטען פאר איין עקסיסטענץ — דיא אלע עראייגניסע פון וועלכע עס ווערט א געשיכטע, א היסטאָריע, וועלכע מיר גיבען און לאָזען איבער צו אונזערע קינדער און זיי

צו זייערע, א. ז. וו. דאָס בויט און האַלט אויף א נאַציאָן, דאָס פעראייניגט דיא מענשען מיט ברידערליכע ליעבע, ברענגט אריין סימפּאַטהיע און פערשטאַרקט דעם בונד.

דער אַמעריקאַנער איז איין אַמעריקאַנער צוליעב זיין פערגאַנגענהייט, צוליעב זיינע אידעאַלען, צוליעב זיין היסטאָריע, און דיא היסטאָריע האַלט ער טהייער און זינגט: „מיין לאַנד פון דיר וועל איך זינגען, דאָס לאַנד וואו מיינע עלטערען זיינען געשטאָרבען, מיין לאַנד דער שטאָלץ פון מיינע עלטערען, דאָס לאַנד פון פרייהייט" א. ז. וו. דער ענגלענדער זינגט זיין ליעד, דער דייטש זיינע, א. ז. וו. יעדער זינגט און עהרט דיא פערגאַנגענהייט פון זיין געשיכטע, פון זיין היסטאָריע און בעזינגט דיא אידעאַלען פון זיין פאָלק.

אידען האָבען א היסטאָריע — א גרויסע פערגאַנגענהייט וועגען וועלכע זיי פאַנטאַזירען, וועלכע זיי בעזינגען. דיעזע פערגאַנגענהייט האָט זיי אימער פעסט געהאַלטען און האַלט זיי אויך יעצט פעסט צוגעבונדען איינע צו דיא אנדערע; דיעזע היסטאָריע צייגט זיי אויך דייטליך צו וואָס זיי דאַרפען שטרעבען.

## דיא מערקווירדיגסטע און דיא זעלטענסטע ערשיינונג וועגען אידען איז דאָס, וואָס זייער היסטאָריע איז זייער רעליגיאָן.

דעם אידען'ס געשיכטע איז ביי איהם הייליג, עס איז זיין גלויבען, זיין רעליגיאָן, און דארום ווערען אלע אידישע היסטאָרישע ימים טובים געפייערט מיט רעליגיעזער עהרפורכט. ווען דער איד דערצעהלט פסח דיא געשיכטע פון יציאת מצרים איז ביי איהם א רעליגיעזער פעסט; ווען ער פייערט דיא געשיכטע פון פורים איז עס ביי איהם א רעליגיעזער פעסט; ווען ער פייערט דעם היסטאָרישען פאַקט, פון דיא מכביער, וויא העלדיש זיי האָבען פערטהיידיגט זייער לאַנד און זייער גלויבען, איז עס ביי איהם א רעליגיעזער פעסט. ווען מען לערנט דיא תורה, דיא ביבל, דיא היסטאָריע פון אידען, ווערט עס געטאָהן

מיט רעליגיעזער פּאראדע; קורץ, דיא רעליגיאָן פון דער אידישער נאַציאָן איז דיא אידישע געשיכטע. דיא גאַנצע אידישע היסטאָריע דערצעהלט נור איין זאַך, צייגט איין שטרעבונג, ברענגט ארויס דיא גרויסע אידעאַלען: דאָס פאָלק ישראל האָט אַנערקענט איין גאָט וועלכען זיי דיענען און ווילען זיין וויא ער איז; איין גאָט וועלכער ענדערט זיך ניט, א הייליגער גאָט, וועלכער פערלאַנגט הייליגקייט פון מענשען, דער שעפּער פון הימעל און ערד, פון ליכט און פינסטערניס; דער גאָט, וועלכער איז מעכטיג און ערהאבען און דאָך איז ער נאָהענט צו דער מענשהייט און בעשיצט אָרעמע און פערפאָלגטע; א שטארקער און א בארעמהערציגער גאָט, וועלכער וויל אז דער מענש זאָל זיין גוט און מאָ־ראַליש, דער גאָט, צו וועמען שלעכטקייט און זינד איז אונערטרעגליך, ווייל ער איז א גאָט פון גערעכטיגקייט, א פאָטער פון יתומים און א בעשיצער פון אלמנות. צו דיענען דעם גאָט האָבען דיא אידען געלעבט און געקעמפּפט און געליטען און געשטרעבט.

אויף דעם איז געבויט דעם אידען'ס היסטאָריע, אויף דעם איז געבויט זיין פערגאַנגענהייט, דאָס איז זיין אידעאַל, וועלכער האָט ארייננגעגעבען איין עווינעם לעבען אין זיין נאַציאָן.

דער דענקענדער מענש בעטראַכטענדיג נאַציאָנען און רעליגיאָנען און שטודירענדיג דעם פערהעלטניס פון נאַציאָן און רעליגיאָן וועט געפינען דיא זעל־טענע וואהרהייט, וועלכע עפּענט דיא אויגען: ביי אלע אַנדערע פעלקער ווערט דיא רעליגיאָן בענוצט אום דיא נאַציאָן צו פערשטארקען און ביים אידישען פאָלק איז דאָס פערקעהרט, — ביי אידען איז שטארק דיא נאַציאָן אום דיא רעליגיאָן איינצוהאלטען; א רעליגיאָן, וועלכע איז דיא ריינע, דיא זיטליכע, דיא מאָראלישע, וויא איך האָב עס שוין פריהער בעוויזען און וויא מיר וועלען עס נאָך ווייטער ערקלעהרען.

אונזער נאַציאָן איז נאָך דאמיט מערקווירדיג, ווייל דיא מיטגליעדער זיינען פון איין ראַסע. פיעלע לייקענען דאָס, אָבער דאָס איז א פאַקט. אָבוואָהל

מיר זיינען פאר אזוי פיעל הונדערטע יאָהר צוזעעט און צו שפּרייט צווישען דיא נאציאָנען דאָך זיינען מיר אימער אבגעזאָנדערט און נור אין געצעהלטע פעלע האָבען זיך היידען אָדער קריסטען צום יודענטהום בעקעהרט און זיינען געוואָרען אידען. דאגעגען אָבער האָבען מיר פיעלע פערלאָרען — טויזענדער אידישע קינדער זיינען איבערגעגאנגען צו אנדערע נאציאָנען, אָבער אין פערגלייך צו דער צייט און צו דער צאָהל אידען איז דאָס געוועזען א קליינער פּראָצענט, און אונזער ראסע ציהט זיך און עקסיסטירט פון טויזענדער יאָהרען און איז א ריינע ראסע.

מיר זיינען אלזאָ א נאציאָן — דיא אידישע נאציאָן. יעדער יוד מוז דאָס פערשטעהן און זיין אין דעם איבערצייגט אָדער ער פערשטעהט ניט דיא בעדייטונג פון דעם וואָרט, און ניט פאַרשטעהענדיג דאָס ווייס ער ניט וויא זיך צו העלפען.

---

.3

## אונזער מיסיאָן.

---

פיעלע קריסטען און פיעלע אידען פרעגען: וואָס טויג אזא געמאטערטעם לעבען פון א פאָלק? ווארום זאָל זיך דער איד אונטערוואַרפען דעם האַס פון פעלקער צוליעב זיין יודענטהום? צוליעב וואָס זאָל ער אזוי פיעל ליידען? בעסער, זאָגען זיי, אז אידען זאָלען זיך אסימילירען, ווערען אויסגעמישט מיט דיא אנדערע פעלקער — אויפגעבען זייער יודענטהום.

דיא וועלכע ריידען אזוי פערשטעהען ניט וואָס זיי ריידען און האָבען ווייניג אָדער גאָר ניט שטודירט דיא פראגע.

זיי זאָגען, אז דאָס יודענטהום, דיא אידישע נאציאָן זאָל שטארבען. פון דער וועלטגעשיכטע לערנען מיר, אז טויטען דיא אידישע נאציאָן קען מען

נים. ניט איין מאָל האָט זיך שוין דיא וועלט גענומען פערניכטען דעם אידען. וואָס נור מען האָט געקענט טאָהן — דיא גרעסטע גרויזאמקייטען זיינען בענוצט געוואָרען דיא אידען אויסצוראָטען: שווערד, פייער, ווילדע טהיערע, אויסנאהמס־געזעצע, גהעטאָס, קייטען פון שקלאפעריי, אלעס, אלעס שרעקליכעס איז געוואָרען בענוצט, אָבער אומזיסט. דער איד איז פון אלעס ארויס, לעבט און פערמעהרט זיך און צייגט ניט ארויס דיא מינדעסטע שוואכקייט, פערקעהרט, ער איז היינט שטארקער וויא ווען ער איז א מאָל געווען, ער צעהלט איבער צוועלף מיליאָן, און דיא אידישע נאציאָן צייגט דייטליך ארויס, אז זיא וויל לעבען און קען לעבען.

ווען א נאציאָן געהט דורך אזא מערקווירדיגען לעבען פון לויטער געפאהרען און לעבט און בליהט — ניט ווילענדיג מוזען מיר זיך אָבשטעלען און בעוואונדערען אזא מערקווירדיגע ערשיינונג און ניט ווילענדיג מוזען מיר פרעגען: וואָס איז דאָס פאר א מין זאָנדערבארע נאציאָן? וואָס וויל זיא? וואָס דארף זיא? וואָס בעצוועקט זיא? וואָס וויל זיא אויפטאָהן, אָט דיא מאָדנע אידישע נאציאָן, וועלכע נעהמט אָן אויף זיך אלע שמערצען באהבה און קומט ארויס פון אלע געפאהרען טריאומפירענדיג?

לאָמיר זעהן וואָס דיא אידישע נאציאָן האָט אויפגעטאָהן, וועלען מיר דאָן וויסען וואָס זיא בעצוועקט ווייטער און ווארום זיא וויל ניט אונטערגעהן.

אז דיא אידישע נאציאָן האָט אויפגעטאָהן פאר דער וועלט מעהר וויא אנדערע נאציאָנען לייקענט קיינער ניט אויסער דיא אונוויסענדע. ערשטענס האָבען דיא אידען אריינגעבראכט דיא גרויסע ליכט, „דאָס גלויבען אין איין גאָט“ און האָט דאמיט צושמעטערט און פערניכטעט דעם גלויבען אין אָבגעטער, וועלכע האָבען אימער פערארורזאכט אונמאָראליטעט און סאָציאלע קאָרופּציאָן; ווען מענשען האָבען געגלויבט אין חיות און זיי געהאלטען פאר געטער קען מען פערשטעהן, אז זיי האָבען געמוזט זינקען צו דער שטופע פון חיות און ווילדע טהיערע, און דיא מאוסע און אבשייליכע רעזולטאטען, וועלכע אזעלכע גלויבענס האָבען ארויסגעבראכט, זיינען גענוג בעקאנט.

אויסער דעם האָבען דיא אידען אריינגעבראכט קולטור ביי דיא אַנדערע פעלקער, אויף וועלכע יענע זיינען שטאָלץ.

האָבען דען ניט אַלע אמאָליגע פעלקער עפּעס אויפגעטאָהן פאר דער מענשהייט? וועלען געווים פיעלע פרעגען.

דאָס לייקענט קיינער ניט אָב. דיא גריכען האָבען פיעל וויכטיגעס אויפגעטאָהן דורך זייער נייגונג און געניאַליטעט צו קונסט און ליטעראטור. דיא רעמער האָבען פיעל אויפגעטאָהן אין דיא לעהרען פון פיהרען מלחמה און אין עטאַבּלירען געזעצע, דיא לעהרע פון יוריספּרודענץ, וועלכע איז פון זעהר גרויסער וויכטיגקייט. פיעלע אַנדערע אַלטע פעלקער האָבען עטוואָס אויפגעטאָהן פאר דער וועלט. אָבער וואו זיינען יענע מעכטיגע און גרויסע פעלקער? ווארום זיינען זי אָבגעשטאָרבען? ווארום זיינען זיי פערשוואונדען און ווארום גראַדע דאָס אידישע פאָלק לעבט און איז נאָך גאַנץ און שטארק?

דער אַנטוואָרט איז דאָס יענע פעלקער האָבען זייערס שוין לאַנג אָבגעטהאָן — זיי האָבען עררייכט זייער גרעסטען אידעאַל און עררייכענדיג איהם האָבען זיי מעהר קיין שטרעבונגען ניט געהאַט צום לעבען, צו עקזיסטירען, צו שאַפען אום ווייטער עטוואס ארויסצוברענגען. זיי האָבען זייערס אָבגעטאָהן, שטעהן געבליבען און דאַן אָנגעפאַנגען ביסלעכווייז ווערען עלטער און עלטער און אויסגעהן, גראַדע וויא א מענש, וועלכער ארבייט אָב ביז א געוויסען עלטער, טהוט אויף וואָס ער האָט געקענט, דאַן פאַנגט ער אָן צו ווערען שוואכער און שוואכער ביז ענדליך ער שטארבט.

וואו זיינען יענע אמאָליגע נאציאָנען? —זיי זיינען אויסגעשטאָרבען.

דאָס אידישע פאָלק אָבער לעבט, ווייל זיא האָט נאָך איהר ארבייט ניט געענדיגט; איהר אידעאַל איז נאָך ניט ערפיהלט געוואָרען, זיא דארף נאָך לאַנג, לאַנג לעבען אום איהר אידעאַל צו עררייכען און דערפאר איז זיא נאָך אזוי שטארק און מעכטיג. דעם אידענ'ס אידעאַל איז, וויא מיר האָבען שוין בעמערקט,

צו זיין אזוי וויא גאָטט איז וועלכען ער גלויבט; צו זיין מאָראַליש, צו זיין בארעמהערציג, צו זיין א פאָטער צו יתומים און א בעשיצער צו אלמנות; צו געבען דעם מיעדען קרעפטען; צו ליעבען דעם נאכבאר, צו האָבען גלייכע רעכטע פאר דעם געזעטץ גראדע וויא פאר גאָט, אפילו דער פרעמדער זאָל האָבען דיע־זעלבע רעכטע וויא דער איינגעבאָרענער.

דיעזע הויכע אידעאַלען האָט נאָך דיא מענשהייט ניט עררייכט און דערפאר לעבט דיא אידישע נאציאָן. זיא האָט א מיסיאָן אויסצופיהרען, איהר ארבייט איז נאָך ניט געענדיגט און דערפאר לעבט זיא, און דערפאר שטרעבט זיא, און דערפאר קען זיא ניט שטארבען, דערפאר וויל זיא ניט שטארבען און ד'ערפאר וועט זיא ניט שטארבען.

צוליעב דיעזע הויכע אידעאַלען הייסט זיא: „דאָס אויסערוועהלטע פאָלק פון גאָט,„ אויסערוועהלט דיא מענשהייט צו א הויכע שטופע צו ברענגען. עס איז א גרויסע אונטערנעהמונג, א שווערע מיסיאָן, וועלכע נור דער איד האָט געקענט אויף זיך נעהמען.

יא, דיא פאָרזעהונג האָט דאָס יודישע פאָלק אויסערוועהלט דיא מענש־הייט אויפהויבען פון איהר פינסטערן צושטאנד צו א הויכע שטופע, און מיר זעהן דייטליך דעם פראָגרעס פון דעם אידען'ס ארבייט:

דער יוד האָט אריינגעבראכט דיא גרויסע ליכט, „דעם גלויבען אין איין אל־מעכטיגען גייסטיגען גאָטט.“

דער יוד האָט געגעבען דיא וועלט דיא ביבעל.

דער איד האָט געגעבען דיא היידישע פעלקער א נייעם גלויבען, א נייע רעליגיאָן וועלכע זיי רופען אָן „דיא קריסטליכע רעליגיאָן,“ און דורך דעם זיי ארויסגעשלעפט פון פינסטערנים.

דער איד האָט זיי ניט נאָר קריסטוסען געגעבען, נאָר אויך אלע זייערע אפאָסטעל, זיי אלע זיינען געווען אידען און זייער גלויבען איז געווען דערזעלבער

וואס אונזער גלויבען און זיי זיינען געשטארבען אלס אידען.

דיא קריסטען האבען צוערשט דיא ביבעל, דעם אלטען טעסטאמענט ניט אנערקענט, אבער מיט דער צייט און דורך דאס לעבען פון דאס יודישע נאציאן האבען זיי דיא ביבל אויפגענומען אויף אין זייער נייע רעליגיאן.

איבערהויפט קאן דער סטודענט פון היסטאריע איינזעהן, אז אללע פעלקער קומען וואס ווייטער און ווייטער אלץ נעהנטער צום יודען און צו זיין גלויבען, אבער דער איד און זיין גלויבען שטעהען פעכט און ברענגען אלע אנדערע פעלקער נעהנטער צו זיך.

וויא געזאגט זיינען דיא יודען „דאס אויסערוועהלטע פאלק" צוליעב איהר מיססיאן אין דער וועלט, און מיר זעטצען מוטהיג פאר דיא ארבייט וועלכע מיר האבען אנגעפאנגען מיט דריי טויזענד יאהר צוריק.

ווער וועט אבלייקענען דעם פאקט אז אידען זיינען א נאציאן און אז דיא אידישע נאציאן האט א מיססיאן?

---

## וואס דארפען מיר יעצט טאהן?

## דיא לעזונג פון דער אידישער פראגע.

---

מיר זיינען א נאציאן און מיר האבען א מיססיאן. מיר האפען געלעבט, מיר לעבען יעצט און מיר ווילען ווייטער אויף פיהרען א נאציאנאלע עקסיסטענץ. דער אידישער גייסט איז שטארק און בעלעבט אלע אידען. אבער דער האס פון דיא פעלקער נעגען דיא אידען וועלכע וואהנען צווישען זיי, איז זעהר גרויס און

דיא פערפאָלגונגען פון אידען הערען ניט אויף און וויא מיר זעהען וועט עס ניט אויפהערען אויב דער איד וועט פערבלייבען פאסיוו וויא ער איז. דיא אידישע פראגע ברענט נאָך איין אנטוואָרט. מיר מוזען איין מאָל פאר אלע מאָל דיעזע פראגע בעאנטוואָרטען.

ביז וויא לאנג, ביז וויא לאנג וועלען אידען זיין אזוי הפקר אז מען זאָל קענען זייער בלוט וויא וואסער פערגיסען? אמת, מיר האָבען א מיססיאָן, אבער מוזען מיר דיעזע מיססיאָן אויספיהרען אונטער אזעלכע אומשטענדען? לאָמיר זעהן אויב מיר קענען און אויב עס איז מעגליך אונזער מיססיאָן ווייטער פאָרט־זעטצען אונטער בעסערע אומשטענדען. עס איז וואהר, אז טאָהן מוזען מיר זאָ וויא זאָ, לאָמיר נור זעהן אויב מיר קענען טאָהן און וועניגער ליידען.

דער איינציגער מענש ביי זיין ארבייט מאכט זיך בעקוועם וויא נאָר מעגליך. ארבייטען מוז ער, נור ער זעהט צו מאכען זיך אזוי בעקוועם וויא נאָר עס קען זיין. דער וואָס טהוט עס ניט רופען מיר אָן נאר. ווארום קען דיא אידישע נאציאָן זיך ניט מאכען בעקוועמער ביי איהר ארבייט? איך מיין אז זיא קען עס יא, לאָמיר זעהן.

אידען זיינען א נאציאָן; דאָס איז א פאקט, מיר זיינען אין דעם איבער־ציינגט. אבער וויא באלד זיא איז א נאציאָן ווארום איז זיא אזוי שוואך? ווארום רעספעקטירט מען זיא ניט אזוי וויא אלע אנדערע נאציאָנען? ווארום קען זיא זיך ניט פערטהיידיגען ווען מען בעשימפפט איהר? ווען מען מאָרדעט און מען רויבט איהרע קינדער?

לאָמיר נור דייטליך אנאליזירען דיא זאך.

א איד, איין אינדיווידועלער איד, וועלכען מען בעליידיגט אָדער מען בערויבט, פערקלאָגט דעם פערברעכער אָדער דיא פערברעכער, ער לאָזט זיי ארעסטירען און ער קריגט גערעכטיגקייט. ווען מען בעשימפפט און מען בע־רויבט דאָ אידישע פאָלק טהוט דיא נאציאָן גאָר ניט און קריגט קיין גערעכטיג־קייט.

דער אינדיווידועלער איד — ער געהט, ער טהוט, ער האַנדעלט, ער האָט איינפלוס אין דער וועלט, זאָגאַר ביי פּרינצען און קעניגע. דיא אידישע נאַציאָן אָבער טהוט גאָר ניט און האָט קיין איינפלוס ניט אויף קיינעם. ביי אַלע פעלקער איז דיא נאַציאָן דיא מאַכט און דער איינצעלנער שפּיעלט קיין ראָלע, ביי דאָס אידישע פאָלק איז פערקעהרט: דער איינצעהלנער איז פערערעכענט און דיא נאַציאָן איז מאַכטלאָז. ווען גוים ריידען וועגען אידען, ריידען זיי נור פון אידען, אָבער ניט פון דאָס אידישע נאַציאָן. וואַרום איז דאָס?

אָט אין דעם ליעגט דער סוד, אָט אין דעם בעשטעהט דיא אידישע פראַגע.

דער איינצעהלנער איד איז שטאַרק, דיא אידישע נאַציאָן איז שוואַך. אין וואָס אייגענטליך בעשטעהט איהר שוואַכקייט?

פיעלע בעהויפּטען אז דיא שוואַכקייט בעשטעהט אין דעם, וואָס אידען האָבען ניט קיין אייגען לאַנד, אז וויא נור זיי וועלען האָבען איין אייגענע לאַנד, א טעררימאָריום, וועלען זיי ווערן שטאַרק. דיא ציוניסטען רופען נאָך ציון, דיא טעררימאָריאַליסטען רופען נאָך אירגענד וועלכע לאַנד, עס מאַכט זיי ניט אוים וועלכע נור א לאַנד, א טעררימאָריום.

עס איז קיין צווייפעל אז א לאַנד, איין אייגענע לאַנד, איז זעהר א וויכ־טיגע זאַך, עס וואָלט דעם אידען שטאַרקער געמאַכט, עס וואָלט דעם אידען גרוים געמאַכט, אָבער אונגליקליכערווייזע זעהט זיך ניט ארוים, אז מיר וועלען ווען עס איז קריעגען א לאַנד: פּאַלעסטינא קענען מיר ניט קריעגען, א טעררימאָריום קענען מיר ניט קריעגען (אויסער אוגאַנדא, וועלכע איז ניט גוט פאַר אונז) און דאַצו נאָך ווען מען זאָל שוין יא קריעגען א לאַנד וועלען אידען ניט אוועק־וואַרפען דיא לענדער אין וועלכע זיי זיינען איינגעוואָהנט און מיט וועלכע זיי זיינען מעהר אָדער וועניגער צופריעדען, אויך זיינען מיר נאָך ניט בערייט אַליין איין אייגענעם לאַנד צו רעגיערען.

מיר קענען דערפון שליעסען, אז דיא אידישע פראגע קען נאך אזוי גיך ניט געלעזט ווערען מיט יענע פלענער פון ציון און טעררימאריום, און פארלויפיג מוזען מיר פערבלייבען צווישען אנדערע נאציאנען, מיר מוזען דארום זעהן וויא מיר קענען זיך העלפען בלייבענדיג צווישען זיי.

אין דיא לענדער וואו מיר וואהנען זאגט מען אונז, אז מיר זיינען שכנים; — זאל זיין שכנים, מיר בעצאהלען אבער גוטע דירה געלד: מיר ענטוויקלען אינדוסטריען, פערברייטען קונסט און וויסענשאפט און זיינען זעהר ניצליכע בירגער. מיר זיינען אבער פון א שוואכע נאציאן, האסט מען אונז. וויל מען האסט אונז אונטערדריקט מען אונז. עס איז שוין איין אלטער כלל, אז דעם שוואכען האט מען פיינד, דעם שטארקען רעספעקטירט מען.

פאר דעם שוואכען שכן האט דער לענדלארד וועניגער רעספעקט וויא פאר דעם שטארקען. עס איז ניטא קיין לאנד, וועלכע האט ניט אין זיך קיין אויסלענדער. עס איז ניטא אזא לאנד וואו אלע איינוואהנער אין איהר זאלען זיין פון איין נאציאן. פון דעסטוועגען בעהאנדעלט מען קיינעם אזוי שלעכט וויא דיא אידען. אין רוסלאנד, צום בייספיעל, וואהנען פראנצויזען, דייטשען, ענגלענדער, א. ז. וו. הערען מיר פאגראמען אויף זיי? מאכט מען גזועצע געגען זיי?

דער איד איז שוואך און דערפאר דריקט מען איהם. אבער מיט וואס איז ער שוואך?

וויא מיר האבען שוין געזעהן איז דער איינצעלנער איד שטארק — דאס אידישע פאלק איז שוואך — אין וואס בעשטעהט אייגענטליך זיין שוואכקייט?

דיא שוואכקייט בעשטעהט אין דעם, וואס מיר זיינען ניט ארגאניזירט, וואס מיר האבען ניט קיין צענטער פון יודישע פארשטעהער וועלכע זאלען דאס יודישע פאלק רעפרעזענטירען.

ווען מיר ריידען פון א חברה, א פעראיין, א שטאדט, א שטאאט אדער א נאציאן פערשטעהען מיר אונטער דעם ארגאניזירטע קערפערשאפטען. ווען

מיר ווילען אדרעסירען א חברה שרייבען מיר צו איהרע רעפּרעזענטאנטען, וויא דעם פּרעזידענט אָדער דעם סעקרעטער. ווען מיר ווילען אדרעסירען, צום ביישפּיעל, דיא שטאָדט ניו יאָרק, שרייבען מיר אָדער מיר רעדען צום סיטי מעייאָר; ווילען מיר זיך ווענדען צום שטאאט ניו יאָרק, געהען מיר צום גאָווערנאָר; ווען מיר ווילען אדרעסירען דיא פּעראייניגטע שטאאטען ווענדען מיר זיך צום פּרעזידענט. דאָס הייסט: עס זיינען דאָ אויסערוועהלטע מענשען צו וועמען מען דאַרף זיך ווענדען ווען מען וויל וועגען עטוואס אונטערהאנדלען אָדער טאָהן. דאָס זעלבע איז אויך ווען עס מאכט זיך מען דאַרף עפּעס טאָהן פאר דער שטאָדט, דעם שטאאט, אָדער נאציאָן טהוען עס דיא פאָרשטעהער און זיי ווערען אנערקענט פון אַלעמען. נעהמט אוועק דיא פאָרשטעהער — דאן איז ניטאָ צו וועמען זיך צו ווענדען און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל עטוואָס טאָהן פאר דער חברה, אָדער דער שטאָדט, דעם שטאאט, אָדער דיא נאציאָן. עס פערליערט זיך גלייך דאָס לעבען פון דיא קערפּערשאפט.

יעצט לאָמיר זעהן, ווען מיר ווילען ריידען צו דיא אידישע נאציאָן — צו וועמען רעדט מען? מיר ווילען, אז דיא אידישע נאציאָן זאָל עטוואס טאָהן אום צו מאכען איין ענדע צו פּאָגראָמען, ווער זאָל טאָהן? ווער זאָל געהן, ווער זאָל ריידען, וועמען האָבען מיר? מיר זיינען א קערפּערשאפט אָהן פיהרער, אָהן פאָרשטעהער, — א לעבעדיג־טויטע קערפּערשאפט.

א נאציאָן מוז האָבען פאָרשטעהער, און אום צו האָבען פאָרשטעהער מוז מען זיין אָרגאניזירט. ביי אידען איז דאָס ניטאָ. — מיר זיינען ניט אָרגאַניזירט און מיר האָבען ניט קיין פאָרשטעהער צו וועמען זיך צו ווענדען אין אירגענד וועלכען פאַל און דארום איז ניטאָ ווער עס זאָל עטוואס טאָהן ווען מען דאַרף טאָהן.

אָט אין דעם בעשטעהט אונזער שוואכקייט. מיר האָבען ניט צו וועמען זיך צו ווענדען און מיר האָבען ניט ווער עס זאָל טאָהן. דאָס אידישע נאציאָן איז אזוי וויא א יתום וועלכער האָט ניט קיין פאָטער, קיין בעשיצער. דערפאַר אָבער פערלאָזט זיך דער איד אין גאנצען אויף גאָט. דאָס איז גאנץ פיין, דער

גייסט פון זיין גאָט שטאַרקט דעם אידען און גיט איהם קרעפטען אַלעס אריבער־צוטראָגען. אָבער גאָט פערלאַנגט מעהר וויא דאָס, ער וויל אַז זיין פאָלק, זיינע קינדער זאָלען זיך פיהרען אין אָרדנונג, זיין א ריכטיגע קערפערשאַפט, דאַן ערשט וואָלט זיין הילפע ווירקליך גרויס געוועןְ.

דיא אידען זיינען אמאָל געוועןְ אָרגאַניזירט. זייער גרויסער לעהרער מ ש ה האָט צווישען זיי אָרדנונג געמאַכט און זיי אויסגעלעהרנט וויא צו ער־וועהלען זייערע בעסטע מענער פאַר זייערע רעפּרעזענטאַנטען, פאַר זייערע שופטים. ער האָט זיי געלעהרנט וויא מען קען זיין א פאָלק און זיך רעגיערען, דורך ערוועהלטע פאָרשטעהער און זיין גליקליך, וויא מענשען קענען לעבען מיט איין אָרדנונג און זיין פריי און שטאַרק.

דיא אידישע נאַציאָן דאַרף זיין אָרגאַניזירט און האָבען זייערע פאָר־שטעהער; און אידען האָבען אַ רעכט צו ערוועהלען פאָרשטעהער.

אידען פון יעדעס לאַנד דאַרפען ערוועהלען זייערע פאָרשטעהער: עס דאַר־פען זיין אמעריקאַנער אידישע פאָרשטעהר פון אמריקאַנער אידען; ענגלישע אידישע פאָרשטעהער פון ענגלישען יודענטהום, דייטשע אידישע פאָרשטעהער פון דייטשען יודענטהום, א. ז. וו., א. ז. וו. — דיעזע אַלע פאָרשטעהער דאַרפען זיך רופען „דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעסס פון גאַנץ איז־ראַעל“, אָדער אַן אנדער פּאַסענדען נאָמען. דיעזער קאָנגרעס דאַרף ערוועהלען א פּרעזידענט, וועלכער דאַרף זיך רופען „דער פּרעזידענט פון גאַנץ איזראַ־על“, זיי דאַרפען אויסערוועהלען אַ וויים־פּרעזידענט, וועלכער דאַרף זיך רופען „וויים־פּרעזידענט פון גאַנץ איזראַעל“; זיי דאַרפען ערוועהלען א סעקרע־טער וועלכער דאַרף זיך רופען „סעקרעטער פון גאַנץ איזראַעל“; זיי דאַרפען ערוועהלען א טרעזשורער, וועלכער זאָל זיך רופען „טשעמבערליין, אָדער טרעזשורער, אָדער קאַסיר פון גאַנץ איזראַעל“; און זיי דאַרפען ערוועהלען אַלע אנדערע בעאַמטע, וועלכע מען דאַרף האָבען פאַר אַזאַ נאַציאָן.

האָבען מיר דאָס, קריעגט גלייך דיא אידישע נאַציאָן א פאָרמע, א גע־שטאַלט, א קערפערשאַפט מיט א קאָפּ. עס איז דאַן דאָ צו וועמען זיך צו

ווענדען ווען מען דארף, עס איז דאָ צו וועמען צו ריידען ווען מען דארף.
„דער אינטערנאציאָנאַלער קאָנגרעסס פון גאַנץ איזראַעל“ וועט ווערען אנער־קענט, ווען עס וועט בעשטעהען פון ריכטיגע פאָרשטעהער פון יודענטהום.
דער „פרעזידענט פון גאנץ איזראַעל“ וועט ווערען אנערקענט פון אַלעמען, זאָגאר פון קעניגע, ווייל ער וועט רעפּרעזענטירען צוועלף מיליאָן אידען, א גרויסע מאכט אין דער וועלט. דער „פּרעזידענט פון גאנץ איזראַעל“ וועט זיין גראַדע אזוי גרויס וויא אירגענד וועלכער מאָנארך, פּרעזידענט אָדער קעניג פון אירגענד וועלכע נאציאָן.

דיא נאציאָנען וועלען האָבען רעספּעקט פאר אידען, ווייל זיי וועלען ניט מעהר זיין שוואך, זיי וועלען ניט מעהר זיין עלענד. זיי וועלען זיין א שטארקע נאציאָנאַלע קערפּערשאפט, ניט אין פהיזישע קראַפט נור אין גייסטיגע מאָראַ־לישע קראפט.

פילע וועלען פיעללייכט זאָגען אז יעדע אנדערע נאציאָן האָט פּאָליציי, איין אַרמעע און קריעגס־שיפען אום צו האַלטען אין אָרדנונג איהר אייגענע נאציאָן און אויך אום אויפצוהאַלטען דעם רעספּעקט פון אנדערע נאציאָנען. וויא וועט קענען דיא אידישע נאציאן האבען פּאליציי, איין ארמעע און קריעגס־שיפען?

דער אנטוואָרט איז, אז דיא אידישע נאציאָן דארף ניט און וועט ניט דארפען קיין אַרמעע און קריעגסשיפען. דיא יודען פון דיא פערשיעדענע לענדער וועלען זיין בעשיצט וויא אַלע אַנדערע בירגער פון יעדעם לאַנד, און אין דער צייט ווען יעדע אנדערע נאציאָן דארף בעוואכען איהר לאנד און מוז צו דעם צוועק האָבען מיליטער, דארף דאָס יעצט נאָך דאס אידישע פאָלק ניט, ווייל זיא האָט נאך קיין לאנד ניט. איבערהויפּט איז דעם אידענס קראַפט ניט אין מיליטער נור אין גייסט, און דארוף האָט דער אידישער פּראָפהעט שוין לאַנג פּראָפעצייעט ווענען אידען: לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אמר ה׳ צבאות (זכריה ד. 6.) ד. ה. „ניט מיט מיליטער און ניט מיט קראפט נור מיט דעם גייסט האָט גע־זאָגט הערר גאָטט.“

דיא אידישע נאציאָן ווען אָרגאַניזירט און ווען זיא וועט האָבען איהר „אינטערנאציאָנאַלען אידישען קאָנגרעס“ וועט קריעגען אין זיך דעם לעבען וואָס

אנ'אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט ברענגט אַרויס, און דאָס אַליין וועט שוין זיין גענוג. דער פאַקט אַליין אַז עס איז אַ לעבעדיגע קערפּערשאַפט וועט אַרויסרופען דעם רעספּעקט פון דיא אַנדערע נאַציאָנען און דער רעספּעקט וועט פערניכטען דעם האַס און אַנטיפּאַטיע געגען אידען.

אַזוי וויא מיר זיינען יעצט, זיינען מיר נאָר עפּעס אַ מאָדנער קערפּער— אַ קערפּער אָהן אַ קאָפּ, עפּעס אַ מאָדנע פאָלק וועלכע עקזעסטירט, האַנדעלט, טהוט, האַלט זיך פעסט אַן לעבען און דאָך איז עס טויט. מען זעהט אַ אידישע פאָלק, אַ קערפּער פון אַ נאַציאָן און דאָך איז ניטאָ צו וועמען זיך צו ווענדען, צו וועמען צו ריידען, מיט וועמען דיסקוטירען, עס האַט ניט קיין קאָפּ אויף זיך, און דערפאַר רופען מיר אַרויס מורא ביי דיא פעלקער, אַ מורא וועלכע איז אַ אינסטינקטיווע, זיי פערשטעהען ניט וואָס דאָס איז פאַר אַ נאַציאָן, וועלכע לעבט אָהן פיהרער, אָהן אַ קאָפּ. און זעהענדיג פאַר זיך נור דעם קערפּער, פיהלען זיי אַ געהיימען שרעק פאַר דאָס אידישע פאָלק. וויא נור אָבער מיר האָבען פאָרשטעהער דאַן קריעגט דער קערפּער אַ קאָפּ, מיר ווערען אַ לעבעדיגע פאָלק, און מען וועט אונז אויפהערען צו בעטראַכטען וויא אַ מאָדנע בעשעפענים, מען וועט אונז גלייך אָנפאַנגען צו בעטראַכטען וויא זייער גלייכען, און דאַן וועלען דיא קריסטליכע לענדער וועלען האָבען דעם אידען, ווייל אויב דער אינדיווידועלער איד איז שטאַרק, וויא וועט שוין זיין דיא אָרגאַניזירטע אידישע נאַציאָן? ווען עס וועט זיין אָרגאַנזירט, אונטער אַזעלכע אומשטענדע וועט אויך זיין לייכט צו קויפען אַ טערריטאָריום אָדער צוריק בעקומען ציון און דיא ציוניסטישע אָדער טעררעטאָריאַליסטישע בעוועגונגען וועלען ניט זיין קיין פּוסטע חלומות.

אַזוי וויא עס איז יעצט, ציהען אַלע אין פערשיעדענע זייטען. יעדע אידישע אָרגאַניזאַציאָן האַט איהר פּלאַן און ציהט אין איהר זייט און עס קומט גאָר ניט אַרויס. ווען אָבער עס וועט זיין איין אָרגאַניזאַציאָן, איין אינטערנאַציאָנאַלער אידישער קאָנגרעס וועלכער וועט רעפּרעזענטירען אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט, דאַן וועט דיעזער קאָנגרעס זאָרגען וועגען אַרויסצוברייננגען דאָס בעסטע פאַר אידען און דיא קרעפטען וועלען ניט פאַרווענדעט ווערען אויף פערשיעדענע פּלענער וועלכע פיהרען צו קיין געוויסען ציעל.

איך ווייס דאס מאנכע ווערען בעהויפטען דאס ווען דיא וועלט וועט דער־
זעהן אז דיא אידען ארגאניזירען זיך און ערוועהלען זייער אינטערנאציאנאלען
אידישען קאנגרעס, וועט מען זיך דערשרעקען פאר דעם אידען'ס קראפט און
מען וועט איהם אנפאנגען צו פערפאלגען און אונטערדריקען. איך ווערען מאנכע
זאגען אז עס קען גאר ניט זיין אז א נאציאן זאל זיין און עקזעסטירען צווישען
נאציאנען.

דארויף וויל איך שוין ענטפערן אום דער איד זאל ניט זיין אין אידטהום.
וויא איך האב פריהער בעמערקט, איז דער שטארקער געאכטעט, און דער שוואַ־
כער פעראכטעט. ווען אידען ווערען זיין ארגאניזירט, ווערען זיי זיין שטארק און
דיא וועלט וועט זיי אכטען, מען וועט פאר זיי ניט מורא האבען, נור מען וועט זיי
רעספעקטירען, און דער „נעבאך" וועט אויפהערען. דער איד מיט עהרענגעפיהל
איז שוין מיעד פון דעם שטענדיגען „נעבאך" וועלכען מען שטעלט איהם צו.
„דיא אידען נעבאך", „נעבאך דיא אידען", אלע האלטען אין איין רחמנות האבען
מיט איהם און פון גרויס רחמנות קען מען איהם ניט ליידען און מען וויל איהם
ניט אנקוקען.

מיט דעם אידען איז אזוי וויא מיט יענעם מאן, וועלכער איז אריין
צו א גביר בעטען א טובה. נאך דעם וויא ער האט אויסדערצעהלט זיין ביטער
הארץ פאר דעם נגיד, האט דער לעצטער אריינגערופען זיין דיענער און האט גע־
זאגט: „דער ארימער מאן נעבאך צוברעכט מיר מיין הארץ, איך קען גאר זיין
צער ניט צוזעהען, ווארף איהם ארויס פון דאנען".

לאמיר ארונטערווארפען פון זיך דעם „נעבאך" וועט מען אונז אויפהערען
צו ווארפען און מען וועט אונז בעטראכטען וויא מענשען פאר וועלכע מען דארף
האבען דרך ארץ.

איך וועגען דעם צווייטען פונקט מוז איך זאגען אז מיר זיינען אויך
יעצט א נאציאן אין נאציאנען און מיר ווערען זיין און פערבלייבען א נאציאן.
מיר דארפען אבער זיין ארגאניזירט, ווייל דאס איז דאס איינציגע מיטעל אונזער
עהרע און אונזער לאגע אויפצוהאלטען אין איין אנשטענדיגען וועג.

מען בעשולדיגט דיא אידען אז זיי זיינען פייגלינגע און שרעקעדיגע. דיא אידען אָבער זאָגען אז עס איז ניט וואהר, דער אמת אָבער איז אז זיי זיינען טאקי פייגלינגע ווען עס קומט צו העלפען זיך אליין, דיא וועלט האסט זיי דער־פאר, מענשען האָבען פיינד אזעלכע וועלכע קענען זיך אליין ניט העלפען און זיינען אימער אין נויטה. און מעגען דיא אידען צייגען דיא גרעסטע העלדענטהאַ־טען אויפ'ן שלאַכטפעלד, מעגען אידען ארויסברייגגען דיא גרעסטע מענער, זאָלאנג אָבער זיי העלפען זיך ניט אליין, זיי שטעלען זיך ניט אוועק אלס אידישע נאציאָן אויף א פונדאמענט—וועט מען זיי דאך מיט רעכט פאר פייגלינגע בעטראכטען.

דעם אידען'ס יעצטיגער אינטערעס אלס נאציאָן איז איין אינטערנאציאָ־נאלער אינטערעס און ניט קיין לאָקאַלער, און דאָס אליין זיכערט דעם סוקסעס פון „א אינטערנאציאָנאלען קאָנגרעס פון גאַנץ־איזראעל", און דערפאר קענען זיך דיא אידען מיט לייכטיגקייט אָרגאניזירען.

מאנכע וועלען פילייכט בעמערקען אז עס עקסיסטירען שוין אייניגע אידישע נאציאָנאלע אָרגאניזאציאָנען, וויא דיא אלליאנס איזראעליט, דיא ציוניסטען, דיא טעררימאָריאליסטען, דיא בני ברית, א. ז. וו., א. ז. וו. און דאס איז פיעללייכט גענוג פאר דעם אידען.

אויף דעם וויל איך בעמערקען, אז צו האָבען אזוי פיעל יודישע אָרגאַ־ניזאציאָנען איז מעהר אונגליק וויא גליק פאר דאָס יודישע פאָלק.

ווען א קינד האָט פיעלע אממען מוז עס ארויסקומען קראנק, און ווען א פאָלק האָט אזוי פיעל אָרגאניזאציאָנען און יעדערע ציהעט אין אנ'אנדער זייט איז זעהר שלעכט. וואָס האָבען דיא פאָרשטעהער פון דיא פערשיעדענע נאציאָ־נאלע אָרגאניזאציאָנען אויפגעטאָהן אין דער צייט פון דיא פּאָגראָמען און נאך דיא פּאָגראָמען ? קען יעמאנד אויפווייזען וואָס דיא אלליאנס־איזראעליט, דיא ציוניסטען און דיא טעררימאָריאליסטען האָבען אויפגעטאָהן ? דער אָרדען בני ברית האָט יא געפּרובירט דורך דיא אמעריקאנער רעגיערונג צו שיקען א ביטע צום צאר, וועלכע איז ניט אָנגענומען געוואָרען.

וואָס האָבען דיא אָרגאניזירטע אידישע קערפּערשאפטען געטאָהן ? אפילו קיין געלד האָבען זיי אליין אויף אייגענער איניציאַטיווע ניט געשיקט, און ווען

ניט דער אויפרוף פון אמת'ן יודען און פהילאנטראָפּ, דזשייקאָב שיף, און פון אונזער אידישען דיפּלאָמאַט אָסקאַר שטרויס, וואָלט מען אַזוי פיעל געלד אויך ניט געזאַמעלט צו העלפען אונזערע אונגליקליכע ברידער אין רוססלאַנד. נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם האָט אויך א פּריוואַט קאָממיטעע געזאַמעלט געלד פאַר דיא אונגליקליכע, — איממער פּריוואַט קאָממיטטעעס און ניט דיא אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטען. מיר קענען אַלזאָ איינזעהען אז דיא פערשיעדענע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען ניט קיין הילפע פאַר אידען.

דאַגעגען אָבער ווען מיר זיינען אָרגאַניזירט און האָבען אונזער „אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס פון גאַנץ־איזראַעל", ווען מיר האָבען אונזער „פּרעזידענט פון גאַנץ־איזראַעל", דאַן וואָלט דער צאַר אַליין עמפּפאַנגען דעם אידען, וועלכער האָט אונטער זיך צוועלף מיליאָן אידען, דעם „פּרעזידענט פון גאַנץ־איזראַעל", וועלכער איז דער ריכטיגער פאָרשטעהער פון זיין נאַציאָן, און מען וואָלט דאַן גערעדט אַנדערע ווערטער. ווער רעדט פון צוזאַמענקלייבען א גרויסען פאָנד פאַר'ן צוועק, צו העלפען אידען, דאס וועט זיין לייכט אונטער אָרגאַניזירטע אומשטענדע.

מיר וואָלטען אויך געקענט אַלע אַנדערע נאַציאָנען צוזאַמענרופען צו א קאָנפערענץ און זיי וואָלטען געקומען, ווייל זיי וואָלט גערופען זייערס א גלייכען. אָבער ווען מיר וועלען האָבען „א אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס פון גאַנץ־איזראַעל", דאַן וועט גאַר צו קיינע פּאָגראָמען ניט קומען, ווייל דיא אַנטהיפּאַטהיע און האס געגען אידען וועט מוזען פערשווינדען ווען אידען וועלען זיין א לעבעדיגע קערפּערשאַפט, וויא איך האָב דאס שוין בוויעזען.

עס וועט ניט זיין שווער דיא אידען צו אָרגאַניזירען אַלס א נאַציאָן, ווייל מיר האָבען א גרויסע אידישע פּרעסע איבעראַל וועלכע וועט דיא אידען בעלעהרען. מיר האָבען אויך אין דער גאַנצער וועלט, וויא איך האָב דערמאָהנט, זעהר פיעלע פערשיעדענע אידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע וועלען זיך פעראייניגען אונטער א געוויסע אויסגעאַרבייטע אָרדנונג. מיר האָבען אויך פיעלע אָרגאַנזירטע אידישע חברות, פעראיינען, לאָדזשען און סאָסייעטיעס;

מיר האבען אויך פיעלע גרויסע אידישע צדקה אנשטאלטען, וועלכע האבען ארגאניזירטע טויזענדע אידען. מיר קענען זיך לייכט ארגאניזירען אין דער גאנצער וועלט, ווייל אויב א איד וויל בלייבען איד, איז עס אין זיין אינטערעס צו זיין פראטעזשירט פון געפאהר און האסס און יעדער וועט מוזען מיטהעלפען אין דיעזע ארבייט.

אין צדקה איז דער איד געוויס גרויס. אין דעם פיהרען מיר מעהר אדער ווענינער איין ארגאניזירטע ארדנונג. א איד קומט קיינמאל ניט אן צו קריסטען נאך שטיצע און דיא אידישע צדקה, איינע פון אונזערע גרעסטע אידעאלען, וועט נאך מעהר לייכטען אונטער איין ארגאניזירטעם יודענטהום, דאן וועט אידישע צדקה טויזענד־פאך מעהר אויפבליהען..

אין איין יאהר צייט קען אויפבליהען א פרעכטיגער בוקעט פון דיא שעהנסטע בלומען פון יודענטהום אלס איין „אינטערנאציאנאלער קאנגרעסס פון גאנץ איזראעל" מיט א „פרעזידענט פון גאנץ איזראעל" אן דער שפיטצע פון אידישען פאלק.

און אין א קורצע צייט קענען מיר זעהן דעם אידישען הימעל פריי פון וואלקענס.

פון אלע אמעריקאנער אידען דארף שאללען דער טראמפייט און רופען דאס אידישע פאלק צו טהאט, ווייל אין אמעריקא האט דער איד מעהר נעלע־גענהייט און מעהר מיטעל אזא אונטערנעהמונג צו מאכען.

[illegible], גענוג פערצווייפעלט — דיא צייט איז געקומען ווען דער איד האט [illegible] אויף זיין קאפ; דיא צייט איז געקומען ווען דער איד מיינט ערנסט [illegible]ען צו טאהן און זיך אליין העלפען.

דאס איינע אלזא וואס יודען דארפען טאהן איז דא. מיר מוזען זיך ארגאניזירען און האבען איין „אינטערנאציאנאלען קאנגרעס פון גאנץ־איזראעל".

מיר דארפען יעצט אויסארבייטען און אדאפטירען „א קאנסטיטוציאן פאר גאנץ־איזראעל“ און דאן ארגאניזירען זיך לויט דיא פארשרייבונג פון אזא קאנסטיטוציאן.

איך האב אזא קאנסטיטוציאן פארטיג געמאכט, נאר איך מיין ניט צו זאגען אז עס איז פאלקאם. מיט דיא הילפע, אבער, פון מעהרערע פון אונזערע געלעהרטע קענען מיר עס לייכט פאלקאם מאכען. דיא קאנסטיטוציאן וועלכע איך האב אויסגעארבייט איז פראקטיש, און קומט נים אין קאנפליקט מיט דיא געזעטצע פון אירגענד וועלכע לאנד.

איין קאמיטעע מוז זאפארט ווערען ארגאניזירט אלס איין „ארגאניזאצ־יאנס קאמיטעע.“

עס זיינען שוין דא פיעלע בעריהמטע און פראמינענטע יודען וועלכע ווילען אנטהייל נעהמען אין דיא וויכטיגע אונטערנעהמונג, און איך ערזוך יעדען איד איבער 21 יאהר אין דיעזע קאמיטע צו זיין. זייט פון דיא ערשטע דיעזע גרויסע זאך אנצופאנגען.

דיא צייט איז געקומען, לאמיר טאהן, לאמיר אויפלעזען דיא „אידישע פראגע“ און מאכען אנ׳ענדע צו פאגראמען, צו פערפאלגונגען און ארונטערנעהמען דיא שאנדע פון יודישען נאמען.

# שלום-בעמערקונגען.

יעדע זאך וואס ענטהאלט אין זיך געהיימנים רופט ארויס אונזער פער־דאכט און שרעק. דיא נאציאָנען זעהען א אידישע פאָלק וועלכע לעבט אָהן א סיסטעמאטישע אָרגאניזירטע אָרדנונג; זיי דענקען דערפאר אז ביי אידען געהט פאָר עפּעס א מין געהיימער פערבאנד, און דאס רופט ביי זיי ארויס פער־דאכט און שרעק. זיי זעהען אויך דיא קערפּערשאפט פון אידישען פאָלק אָהן פיהרער — אָהן א קאָפּ, און זיי פיהלען א געהיימען אנגסט. ווען אָבער דיא אידען וועלען פיהרען אנ׳אָפענעם אָרגאניזירטעם לעבען מיט פאָרשטעהער — מיט א קאָפּ צו דיא קערפּערשאפט, וועט דער אנגסט פון דיא נאציאָנען פער־שווינדען.

קיין נאציאָן וועט זיין דאגעגען אז דיא אידען פון אלע לענדער זאָלען האָבען איין אינטערנאציאָנאלען קאָנגרעס מיט א פּרעזידענט אויף דער שפּיטצע פון אידישען פאָלק, ווייל דער צוועק דערפון וועט זיין ניט א מאטעריאלער, נור א גייסטיגער, און אויב מאנכע זאָגאר וועלען יא זיין דאגעגען, דארף עס דיא אידען ניט אָבשרעקען.

פריהער אָדער שפּעטער וועלען אידען מוזען אזוי טאָהן. אויב מען וועט דאס אצינד אָבלייגען וועט עס ארויסקומען דאן ווען נייע פערפאָלגונגען, אונ־טערדריקונגען און פּאָגראָמען וועלען פאָרקומען.

יעדער מענש קען זיין ניטצליך אין אויפטאָהן זעהר פיעל אויב מען וויל נור עפּעס אויפטאָהן. דארום ערזוך איך יעדען אויפריכטיגען אידישען מאַן און יעדע אויפריכטיגע אידישע פרוי, נעהמען איין אקטיווע אינטערעסע אין דיא אונטערנעהמונג.

פאָרלויפיג דארף עס קיין געלד קאָסטען און ווען דיא ריכטיגע אָרגאני־זאציאָן וועט זיך בילדען וועט יעדען אידען קאָסטען ניט מעהר וויא פופציג סענט א יאָהר וועלכע וועט בעצאָהלט ווערען צו א ריכטיג־ערוועהלטען טרעזשורער.

יעצט אויב איהר ווילט טאָהן, שרייבט אָן דיא עטליכע ווערטער:

„איך בין בערייט אנטהייל נעהמען אין קאָמיטעט אין דיא הילפע פון מיין פאָלק לויט דעם פלאַן פון איין אינטערנאציאָנאלען קאָנגרעס“.

שרייבט אונטער פאָללען נאמען און אדרעססע און שיקט עס צו אויף מיין אדרעססע:

**ABRAHAM S. SCHOMER, 5 BEEKMAN STREET, NEW YORK.**